זיין האַנט, מיט אַ לויטערער שיינקייט, טראָגט ווערטפולע צירונג, אוממעגלעך זיך צו פאָרשטעלן; ער באַרירט זיין ברוסט, פאַרנייגט זיך און באַגריסט, בשעת זיינע פיס שטעלן זיך אָפּ אָן קיין סמנים פון קלאַנגען וואָס רופן דעם עכאָס פון מיסטישן טעמפּל, לעבן דעם גרויסן **עטנאַרוד**.

— איך לויב דיר **עטנאַרוד**...! אַך, ווי אומזאָגבאַר די ריי **אייביקייטן צווישן צוויי צייט**־טרוימען...!

— ברוך־הבא, **עטנאַד** — זאָגט **עטנאַרוד**. מיט זיין בליק נעמט ער אַרום די גאָטישע געביידע.

— אַך, ווי באַזונדער ס׳איז דער **הייליקער שטילקייט׳ס זכרון!** ביי די ווערטער שטרעקט זיך אויס זיין אָרעט, אימפּעראַטיוו, אורזאַכלעך, אין דער ריכטונג פון גרויסאַרטיקן אָרגאַן, וואָס אַנטהאַלט, אין דער הויך, אַלע מעגלעכע שטילקייטן.

פאַר זיין גרויסאַרטיקן זשעסט הייבט ער אָן צו שפּילן, אין דער זעלבער צייט, פאַרשידענע מעלאָדיעס און טראָגן דעם האָט זיך די רוים ניט געזעטיקט מיט זיי. די צוויי **מאַגיקער** קוקן זיך איבער בשעת **עטנאַרוד** זעצט פאָר:

— די מענטשהייט׳ס מוזיק איז אַ פּרווו צו פּראָדוצירן פאַרשיידענע שטילקייטן ...

נאָך זייערע ווערטער דערשיינט אַ יום־טובדיקע שטילקייט זי פאָלגט נאָך אַ געררישן העקאַטאָמבע, ס׳דרינגט אַרויס פון **קאַטעדראַל׳ס** שאַץ־קאַמער. צווינגענדיק די צוויי **מאַגיקער** ווענדן זייער אויפמערזאַמקייט אין דער ריכטונג.

— איך מיין אַז **נאָוך** איז שוין דאָ, ער געפינט זיך צווישן אונדז... שטעלט **עטנאַרוד** פעסט, מיט אַ ברייטן פאַרגעניגן שמייכל אַף זײַן פּנים.

די **שאַץ — קאַמער׳ס** טיר עפנט זיך, דעם דריטן **מאַגיקער** אַריינצולאָזן. **נאָוך** דערשײַנט אין שיף...

זײַן פרײַער און אָפענער געלעכטער ברעכט אויס קעגן אוראַלטע טעמפל־שטיינער, ווי אַ ברומערדיקער **דיאָניסאָס**־ים. די כיטרעשקײַט פון אייביקן קינד האָט מיטבאַצייכנט. **נאָוך** איז נאָך איינער צווישן די באַרופענע, איינער פון די **אויסדערווײַלטע**, צוזאַמענגערופן צו דער **הונדערטיאָריקער טרעפונג ...**

עפעס גלאַנצט אין זײַנע הענט מיט אומנאָכמאַכלעכן גלאַנץ פון קעניגלעכן מעטאַל.

ס׳איז די קמיה פאַרן **דאָרן־קרוין** וואָס **נאָוך** דער־נענטערט זײַנע עלטערע ברידער, מיט יום־טובדיקער זאַלבונג.

— **אָט בין איך! — רופט אויס נאָוך, בשעת ער הייבט אויף פאַר די מאַגיקער׳ס אויגן, די ווערטפולע קמיה.**

— מיר דאַכט זיך ס׳איז ניט קײַן שלעכטע אידעע **דערמאָנען דעם חכמהדיקן דענקשפּרוך וואָס זאָגט אַז מען באַדאַרף גאָלד צו מאַכן גאָלד... אַך, הלוואי וואָלטן די בלינדע שטערבלעכע פאַרשטאַנען דעם סוד׳ס באַ־דײַטונג... מען דאַרף זײַן אַ גרויסער דעטאַליסט כדי** ניט פאַרבלײַבן בלויז מיטן דעטאַל...!

ס׳איז דער דימענט פאַרבאָרגן אין קויל וואָס וויל זײַן אַ

דימענט... זאָגט **עטנאַרוד**, עניגמאַטיש, מיט האַלב אָפענע אויגן.

— צווישן דעם וואָס איך **בין** און איז נאָך פאַראַן אַ ריי מײַנע אייגענע שטופעס, באַוועגנדיק זיך אין רוים־צײַט — באַשטימט **עטנאַרוד**, רואיק און מעסיק.

— ווי קלאָר דערקלערט איר דאָס טונקעלע! זאָגט **נאַוך**, שמייכלענדיק מיט פאַרגעניגן.

די **מאַגיקערס** אָנוועזנהײַט גיט מער אָנוועזנהײַט יעדעס פּיצל פון דער **גרויסער קאַטעדראַל**. אינעווייניק און אויסער איר ווערט דער טעמפּל דעסטילירט אין זײַנע אָריגינעלע סובסטאַנצן...

דער הויפּט־טויער, אין צווייען צעטיילט דורך אַ צענטראַלן זייל, אַנטהאַלט אַ פרויען־פיגור, מיט וואָלקנס איר שטערן באַקרוינט. זי געפינט זיך אין טראָן מיט איר קעניגלעכן סצעפּטער; האַלט אין דער רעכטער האַנט צוויי ביכער; איינער איז אָפן, דער צווייטער צוגעמאַכט. דער ערשטער שטעלט פאָר דאָס צווייפלאָזע און דער אַנדערער דאָס געהיימע.

צוויי געשטאַלטן דערנענטערן זיך צו דער **קאַטעדראַל**, אָט, וואָס באַווײַזט זיך פאַר זייערע אויגן...

די צוויי טירן וואָס פירן צו דער הויפּטשיף עפענען זיך גלײַכצײַטיק. ס'דערקענען זיך קלאָר די געשטאַלטן קעגן בלוי און זילבער פון דער נאַכט.

**אַנאַסוס און ראַסעק**; זייערע נעמען. זיי גייען אַרײַן זאַלבענאַד. **צוזאַמענשפּיל פון צוויי ווילן**, אויסגעקנאָטן אין איינעם, מיטן גאַנצן קראַפט פון וועלן.

**נאָוך** באַגריסט צאַרט און פריילעך די יונגע **מאַגיקער**.

— כ׳ווייס באַשטימט אַז די **צײַט** עקזיסטירט ניט; אויב ניט וואָלט איך געזאָגט אַז איר זײַט אָנגעקומען צו שפּעט, ווי געוויינטלעך! פונדעסטוועגן, ווי געוויינט־לעך, קומט איר אָן באַצײַטנס.

— די **צײַט**?, איך ליב זי!, מיר זײַנען אַזעלכע גוטע פרײַנד! נאָר, דעם אמת זאָגנדיק, לעצטנס זעען מיר זיך קנאַפּ! זאָגט **אַנאַסוס**, לאַכט גליקלעך, שפּילנדיק איר טייל אין **שפּיל**.

— דאָס זײַן גלײַכצײַטיק אין **צײַט** און אויסער דער צײַט... אַלעס אין דער זעלבער צײַט...! — דערנענטערט גלײַכצײַטיק דער **מאַגיקער ראַסעק**, מיט אַ לײַכטע און טיפע שטימע.

געשמאַקע מירע, ווייערעך, נאַרדן, זאַפרען און אַלערליי אַראָמאַטישע עסענצן, זעט אויס עס פליסן, פון יעדן ווינקל, אין **פּינפטן זאַל**; מיטן האַרץ־קלאַפּ פולקײַט, גרייט צו דער **אומשטערבלעכער באַגעגנונג...**

די פאַרזאַמלטע גייען אין ריכטונג ווו עס געפינט זיך **קאַוואַליע — קאָל׳ס** אויפגעבויטער אָרגאַן, אונטער דער **מערב־רויז, דאָרט, אין איר שילדערט מען אָפּ אַלע** פעלערן און פעאיקייטן, די צייכנס פון זאָדיאַק און די אַרבעטן פון די חדשים.

**אַלעס וואָס די מערב־רויז** ווײַזט **פאַר די אויגן**, דעפינירט די פאָרויסבאַשטימונג וואָס האָלט צו די

**מענטשן** אויף דער ערד: **שאָטנשפּילן, זעלן פון אַ** געפּענקעניש, וואָס זיינען דאָך די גרענעצן זייט מען רייזט אָפּ צו דער אייביקייט...

די **מאַגיקער** פאַרנעמען זייערע פּלעצער, פּאָרמעל, אונטערן אָרגאַן. **עטנאַרוד** עפנט די **פּאַרזאַמלונג** מיט אַט די ווערטער: — שוין אַריבער הונדערט יאָר זינט דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר האָבן זיך געטראָפן אין זעלבן אָרט. כ׳געדענק יענע צייטן: **איינשטיין** איז אַלט געווען צען יאָר און האָט זיך אונטערגענומען פאָרשן די סוידעס פון **ליכט** און **צייט**; **נישטשע** שטייגט אויף צו זיין געטלעכן משוגעת; און **פּאַוולאָוו** קערט זיך אום קיין רוסלאַנד צו פאָרשן די אויסגעלערנטע רעפלעקסן; **פרויד**, 33סיק יאָר האַלט, פאַרעפנטלעך; אונטער **זשאַן מאַרי שאַרקאָט׳ס** איינפלוס, זיין ערשטע קלינישע אַרבעט וועגן היסטעריע. פריער איז דערשינען **געטע** מיט אַן עסיי געווידמעט דער נאַטור; דאָס האָט אים באַשטימט צו לערנען מעדיצין. כ׳געדענק **וואַן־גאָגן**, ליידנשאַפט באַשעפטיקט מיט זיינע פאַרבן צו שילדערן די **אומשטערבלעכקייט**, בלויז איין יאָר פאַרן זיך אויסלעשן זיין לעבן.

די פייערלעכקייט פון מאָמענט שטייגט, בשעת **עטנאַרוד** זעצט פאָר:

ס׳איז קלאָר פאַר אונדז צוליב וואָס מיר האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט...

מיר זיינען די אינספּיראַציע וואָס נערט די באַשטראָפענע מענטשהייט אין די נאָענסטע הונדערט

יאָר. איז די מענטשהײַט גרייט אײַנצוזאַפּן די **העכסטע חכמה?**

שלחים פון פּלאַם „**איינס**", זײַנען מיר געשיקט געוואָרן צו אויפלעבן אַ לעשנדיקן **פײַער**, די אורזאַך וואָס פאַרוואַנדלט אַ געטלעכן מאָטאָר אין אַש...

**ליכט טרעגער**: לאָמיר אָנהייבן פאַרפולקאָמען אונדזער מיסיע.

אָט וואָס איך האָב געבראַכט:



**ווו איז דער וועג**
**ווו איז דער ענטפער?...**
**דער וועג איז דער ענטפער...**



**גיבן דיר אַן ענטפער**
**איז דיר אָפּזאָגן דאָס לעבן...**



שוין בלינד פֿאַר די שאָטנס,
געעפֿנט האָב איך די אויגן פֿאַר דער שײַן...



ס׳זעלבע איז ניט ס׳זעלבע,
ס׳זײַנען די אויגן צו זען ס׳זעלבע,
דאָס וואָס מאַכט אויס ס׳זעלבע.
די אויגן צו זען פֿאַרשיידנס
מאַכט אויס ס׳פֿאַרשיידנס.



ליכט וואָס רײַזט דיך דורך,
איז ליכט און שאָטן,
ליכט וואָס דרינגט דיך דורך
איז בלויז ליכט.



ווען איך שאַף, שאַף איך נישט
גאָר פשוט,
איך באַגעגן זיך מיט ס׳באַשאַפענע...



אויב איך צעשטער וואָס איך שאַף
איז ווייַל בייַם צעשטערן
שאַף איך...
און צעשטער כדי ווידער צו שאַפן...



בייַם שפּילן, מיטן לעבן
אין באַהעלטעניש
באַפרייַ איך ס׳לעבן.



**די רויז איז פשוט „געווען"**
**ביז דעם מענטשנס אוומוויסנהײַט**
**האָט איר באַרירט מיט דאָרנס?**



**ס'באַוועגבאַרע, ס'אומבאַוועגבאַרע**
**און דער פענדל...**
**אויב איך באַנעם עס**
**בין איך בײַן מײַ אייגענער אָנוועזנד...**



**ס'פּאַטאַלע איז**
**שטאַרבן אַן דערגרייכן צו זײַן.**
**דער אידעאַל**
**איז לעבן זײַענדיק...**
**אומפאַרמײַדלעך.**



ער האָט געוואָלט באַקענען
די צוויי פּנימער פון דער לבנה
ס'הייסט,
איר אויסזען און איר געהיימעניש.
ער האָט איר צעשפּאָלטן אין צווייען...
און האָט נאָר באַקומען צוויי אויסזענס
מיט זײַנע צוויי געהיימענישן...



לעבן:
אַ געשפּאַנטע שפּאַנונג...



...פאַראַן זאַכן וואָס,
פון זײַן צו אַלט...
זײַנען זיי אַזוי נײַ!



פאַר וואָס זיך באַמיען
צו פאַרלירן ס'אומפאַרלירבאַרע?
פאַר וואָס זיך באַמיען
און וועלן אייַנהאַלטן ס'פאַרלירבאַרע?
צוליב וואָס זיך אַזוי פיל באַמיען
אין באַמיען?



דינענדיק דעם קעניג
איז דער קנעכט שוין קעניג...



די צייַט,
מיט איר פילאָזאָפיע,
איז נוצלעך כדי די צייַט
זאָל זיך אין דער צייַט דערקענען
און זאָל **אומענדלעך** זיך טרוימען.



אויב איך בין
אין מײַן אָנוועזנהײַט...ווער
וואָלט בײַ מיר געקענט צונעמען
דאָס וואָס עס געהערט מיר ניט?
ווער וואָלט מיר געקענט געבן
וואָס ס'געהערט שוין צו מיר?



ווען אינערלעך פילן מיר זיך
אָן צענזור,
דאַן זײַנען מיר צניעותדיק.



האַרטע שטאָף:
ליכט וואָס דערקענט זיך אַליין
אין דער לײַדיקייט.



דער ענין איז נישט
זיך באַנוצן מיט ווערטער
נאָר אַריבערגיין
דאָס באַנוצן ווערטער...
מיט **ווערטער.**



די שיַין פאַרשלייערט זיך מיט שטאָף
בלויז ווידער אַלס **ליכט** אַנטשלייערט צו
ווערן.



**די ציַיט**
אַ שקלאַף פון איר אייגענעם געזעץ
אַן אויספיר פון איר אייגענעם פראָצעס.
ציַיט שליסט זיך ניט אויס פון ציַיט...



פאַר וואָס ליַידן די ליַידן...?
פאַר וואָס ליַידן...?
פאַר וואָס...?
פאַר וואָס... פאַר וואָס!!
?
אין אָט דעם טאָג, אין וועלכן איך האָב
בלויז
מיט אָביעקטיווע סימנים אָנגעוויזן
אויפן אומרו פון מיַינע פראַגן,
אין אָט דעם טאָג האָב איך אָנגעהויבן
זיך צו באַרואיקן
אין סוביעקטיוון זין פון אַלע מיַינע
ענטפערס...



אַנטשלאָסן צו דערהערן מיַינע גערוישן
האָב איך אַלע מיַינע שטילקיַיטן
אָנגעשטויסן.



מען פאָדערט
וואָס אָפּגעלאָזנקייט פאַרגעסט,
ניט וואָס ס'האַרץ פאַרגיט



**סדר** און **כאַאָס**
האָבן זיך באַגעגנט פּנים על פּנים
ווען דער **קעניג** איז דערשינען
אויפן **שאַכברעט...**



פאָרויסבאַשטימט פֿונעם גורל
צו שטאַרבן און נישט **זײַן**,
אויב איך ווייס עס,
בין איך מיטן **גורל איינס...**



**עטנאַרוד** איידער ער גיט אָפּ **עטנאַדן**, זײַן **צײַט** אָן **צײַט, לאָזט אַראָפּפּאַלן די לעצטע פּערל פון זײַן חכמה**, מיט אַ ציטערדיקן שמייכל איבער זײַן ליכטיקן פּנים.

און אַזוי זאָגט ער: דער וואָס איז **פּולקאָס** איז **פּולקאָס** ווײַל ער שליסט זיך ניט אויס פון זײַן אומפּולקאָמהײַט.

זײַן לעצטע פעסטשטעלונג קלינגט נאָך אָפּ אין דער שיף פון דער **גרויסער קאַטעדראַל**, וואָס גיט איבער די, ביז דער רגע, פאַרשלאָפענע **מאַגיק**, און איר הונדערט יאָריקער איינזאַמקייט, צו דער גאָר קרעפטיקער **מאַגיק** פון די **מאַגיקער** וואָס האָבן זיך אין איר פאַרזאַמלט...

**עטנאַרוד** ווענדט זיך צו **עטנאַד** און זאָגט: — **עטנאַד**: דו, וואָס געניסט אַזוי פיל פון די **גרויסע שפּילן**...

ווײַז דײַנע קאָרטן!

דאַן זאָגט אַרויס עטנאַד, פֿון זײַנע ליפּן, די ערשטע
פעסשטעלונג כדי זי זאָל שפּילן איר הייליקע שפּיל:

אין אָנפאַנג איז אַלעס געווען קלאָר,
ווען ס'איז נאָך אַפילו
קיין אָנפאַנג נישט געווען...



די רויז
איז דער דאַנק
פון רויזנפלאַנץ צום הימל.



דער פֿאַרשטאַנד צעטיילט און הערשט
איבער די הערשאַפטן פון דער ערד.
דער **שכל** פֿאַרמערט און הערשט
איבער די הערשאַפטן פון ערד...
און הימל.



וואָס בין איך? אַן **איצט.**



ס'איז נויטיק ענדערן
ליַידן אין **חכמה,**
**חכמה** אין **ליבע,**
און **ליבע** אין **פֿאַרפולקאָמונג...**



בײַם באַדויערן דעם נעכטן
אידעאַליזיר איך דעם מאָרגן
באַוווּסטזיניק פונעם נעכטן
און פונעם מאָרגן
שמעלץ איך זיי אינעם **הײַנט.**



הינטערן **טרוימען.**
שטייט **דער ווילן.**



אמתער **וויסן**
איז אַ פונקט
וואָס ווערט רעלאַטיוו
בײַם צונויפקום
צווישן גאווה און עניוות
פונעם וויסן...



הינטער מיר, די צײַט.
פֿאַר מיר, די צײַט.
אין מיר, די **אייביקייַט.**



ליבע איז אַ הינוועג
צו זיך אַליין
ס׳געגנויע אָרט
וווּ איינער איז אינגאַנצן
אין **ס׳גאַנצע...**



ס׳שײַך דער צײַט,
גייט די צײַט אַריבער און פרעסט מיך
אויף.
ס׳שײַך דער צײַט,
גייט די צײַט אַריבער און איך פרעס זי
אויף.



וויפל אומגעדולד,
אינעם אומגעדולד
פון דעם וואָס זוכט געדולד!
וויפל וויסן, אינעם געדולד
פון דעם וואָס פאַרשט דעם אומגעדולד!



ציל פון **ליבע**
איז אייביקייַט.



מען קען זייַן בעלעבאָס
פון אַ נשמה וואָס לייַדט
אָבער קיינמאָל
איבער אַ נשמה וואָס לאַכט.



ס'אמתדיקע
איז באמת
נישט אויפדעקן דעם אמת,
נאָר אינעם פּרוּוו
זיך דערנענטערן צום **אמת**.



די באַדערפעניש
דאַרף האָבן פון מורא
צו ווערן אַ באַדערפעניש.



ווו איך בין
איז ס'אָרט
ווײַל ס'אָרט...
בין איך.



אין טרוים
בוי איך זיך,
אין טרוים
צעשטער איך זיך...



ס׳פּריַיע ווילן
איז ס׳איינציקע
וואָס איז נישט פֿאָרויסגעשריבן...



ס׳געוויסנהאַפטע אינעם „וויַיסן"
האָט מיר אָנגעיאָגט
ביַים פיַיערן
דעם רעגנבויגנס זיבן קאָלירן...



ענערגיע איז אַ **געשטאַלט**
מיט וועלכן ס'שטאָף
שטעלט זיך פאָר.
ביים צעשפּליטערן ס'שטאָף
בלייַבט נאָר **טרוים.**



ס'דערהערגעט
נישט די **מלאכה** פון **פּאָעזיע,**
נאָר פּאָעזיע ווי אַ מלאכה!



די קייט וואָס שטאַרקט
אַלע קייטן
איז
די אומוויסנהײַט



וואָס ס׳וווערט מיט דער צײַט
אָפּגענוצט,
נוצט אָפּ
די צײַט.



געזען מיט פּערספּעקטיוו,
איז ס'אַנטרינען־פּונקט
אַ גרענעץ
וואָס גרענעצט ס'גרענעצלאָזע.



ווען די ליכט
וואָלט נישט געווען אַ זעלבסט־רייַזערן,
וואָס איז איר פּאָרעם
זיך פּאָרצושטעלן אין פּאָרעמס...!
וואָלט זי געווען זייער אומפּאָרמאַל!



איך בין איינס און **אומענדלעך**
אין יעדן טייל פון **מיַין** טיילווייַזיקייַט...



ס׳מיטל־פונקט
פון קרישטאָלענעם קערפּער
בײַ אַ זאַמד־זייגער,
איז דער אַנטערינען־פּונקט
וווּ די צײַט
גיט זיך זעלבסט איר נאָמען.
אין אַ פּיצל
זאַמד־קערן...!



לעבן אין אייביקייט
הייסט געדענקען די פאַרגאַנגענהייט...
און זי ענדערן



ס'איבערפלאַך
אַנטהאַלט שוין
די אומענדלעכע טיפקייט...



פּאָעט איז יענער וואָס איז פעאיק
צו זײַן אומבאַוועגלעך
און באַוועגן אין רו
דעם אומרו פון די ווערטער...



מיט מײַנע אידעען
וואָסטו געטאַנצט...
ווען דײַן טאַנץ־קאַרטל
וואָלט נישט געווען פול מיט דײַנע...



**עטנאַד** באגליידט מיט אַ זשעסט פון זייַן געטלעכער האַנט די לעצטע ווערטער און גיט איבער דאָס מאַגישע וואָרט דעם גאָר **גרויסן מאַגיקער.**

**עטנאַרוד** רעזומירט אַזוי זייַן גרויסאַרטיקע אויפגאַבע. ער ווענדט זיך צו **נאַוך** אין איין אויגנבליק און זאָגט אים:

ליבער **נאַוך**, זייט דייַן פילאָזאָפיע...

מיט וואָס וועסטו דערנערן דעם מענטש'ס קינדער? דער פילפאַכיקער עבאָס פון ארום און אַרום דער קאַטעדראַל פאָדערט דעם **מאַגיקער נאַוכ'ס** ערשטע ווערטער...

**נאָוך**, מיט אַ יומטובדיקן געלעכטער דערנענטערט אונדז צום גייַסט וואָס באַלעבט די ליבע־פּייַערונגען, און רופט אויס:

**נאָר ווייַל איך בין הוילע ליכט,**
**קען איך אַלס שאָטן שפּילן...**



**אין וועלכן**
**באַדויערנדיקן מאַטעריעלן צושטאַנד**
**געפינען מיר זיך אָפּטמאָל**
**צווישן די מעגלעכע צושטאַנדן**
**פון דער מאַטעריע...!**



דער פּיַינט דערהייבט אונדז,
דער פּריַינט האַלט אונדז אונטער...



אַ שפּיגל:
איך, די בייזוויליקייט, דער שוידער
ווען איך אַליין בין נישטאָ
אויף זיך צו באַטראַכטן...
דאַן...
ניטאָ קיַין עקסטאַז, ניטאָ קיַין בייזוויליקיַיט
ניטאָ דער שוידער, ניטאָ דער שפּיגל...
**ס׳דאָ** נאָר וואָס איך **בין**,
אין פולשטענדיקער **רו.**



כל־זמן ס׳וועט דויערן ס׳ברומען
פון אַ
דערקלערונגס־ליבע...
וועט דויערן די וועלט.



וואָס איך זאָג, פאַרהוילט זיך,
לעבנס־באַשעפעניש,
הינטער דעם וואָס איך זאָג...



ס׳איז נישט פאַראַן קײַן אופן
אויסצומײַדן מען זאָל אונדז ווײַזן,
איינמאָל און נאָך אַמאָל
יענעס וואָס מיר ווילן נישט זען...



**ווען דו באַוועגסט זיך**
**און דו ווערסט נישט דערציטערט...**
דאַן באַוועגסטו זיך נישט...



**ווען איך נעם אַרום ס'קינד, וואָס איז אין**
**מיר,**
**ברעכט זיך, העפלעך, אין טויזנט שטיקער**
דער איבערזעטיקטער דערוואַקסענער
**וואָס שטעקט אין מיר.**



**אַזוי ווייַט ווי איך האָס ווייַטער,**
**אַזוי ווייַט שטאַרב איך...**



די אומענדלעכקייט
איז אַ קרייז
וואָס האָט זיך אַליין נישט געגלויבט.



כ'לעב,
כ'לעב און שפּיר.
טויט
וואָלט איך אפשר נאָך געקענט זיין
לעבעדיק
און שפּירן...



ווען איך זע וואָס איך זע נישט,
דאַן, זע איך.



אין רוים־צײַט
האָט צו מיר געווינקט אַן אויג די
אייביקײַט...



די זריעה
איז ס'אַנטרינען — פּונקט פונעם בוים,
דער בוים
איז ס'אַנטרינען — פּונקט...
פון דער זריעה



ס'שטעגל און די רויז
זײַנען ביידע
די העלפט פון אַן **אמת**



ווי גוט איך דערהער מיך
ווען איך האָרך מיך נישט!



דער ענין
איז זיך נישט פאָרשטעלן
ווי אַ פיגור פונעם שאַך־ברעט,
נאָר שפילן אַלע שאַך־פיגורן,
און זיך נישט פאָרשטעלן ווי קיין איינע
פון זיי...



ווען איך האָב אין מיר
די אידעע איך בין,
איז שוין הוילע גליק.



דרייסטקייט איז
דער מאָטאָר
כּדי אַרויסצורופן
אונדזער **ווילן**...



ס'לאָגישע דענקען
באַגרענעצט דעם מענטשן,
ביים שטעמפּלען מיט זיינע גרענעצן
דער אומבאַגרענעצטער אומענדלעכקייט.



אָט די מאָדנע פּאָרעם פון גיין,
בײַם אָפּגיין סידורכגעגאַנגענע!



איך באַשאַף ווידער סיבאַשאַפענע,
איך בין דער זוים פון סידערוואַרטע.



דו ביסט נישט אַליין אָן מיר,
נאָר פון דיר;
ווען דו וואָלסט זיך געהאַט,
וואָלסטו מיך געהאַט...



דער אמת
איז ווי אַ פרוי
וואָס ערט קיינמאָל
נישט אויף זיך צו אַנטקליידן.



מורה באַפאַלט אויך דעם חכם,
דאָס אויספאָרשן איר
פאַרוואַנדלט אים טאַקע
אין אַ חכם...



ס'אומענדלעכע
איז אַ הימל
וואָס גלעט זיך
בלויז מיט די פליגל
פון דער פּאָעזיע.



חכמהדיק
איז די אומוויסנהײַט
פון דעם וואָס זײַן אומוויסנהײַט
אַנערקענט.



מיט יעדן שלאַג פון זײַן האַרצן
איז דער **מלך** דאַנקבאַר.



אין יעדן האַרץ־שלאַג
מעסט מען
די **אומשטערבלעכקייַט.**



**גרויסקייַט**
שרעקט זיך נישט
פֿאַר קייַן שום **גרויסקייַט,**
זי דערנערט זיך
מיט אַלע **גרויסקייַטן.**



אַ שטיל, צידערדיקער אָפּקלאַנג זעט אַרױס עס ענטפערט, מיט בכבודדיקער דאַנקבאַרקייט, עטנאַד׳ס, און נאַוּכ׳ס שטימען. דעם מענטש׳ס געהער קען דאָס ניט פאַרנעמען, נאָר עס באַזיצט די אײגנשאַפט צו פאַרבלײַבן, אומזיכטבאַר, דורך די קומענדיקע צײַטן...

די גאַנצע קאַטעדראַל איז אַ תבה, געפּילפּול, נעמט זי אויף די ליבעס־מיטטײלונגען וואָס מען גיט דאָרט איבער; אָנטהאַלטן וועט זי די העכסטע גײַסטיקע ווערט וואָס מען איז בכוח איבערגעבן דער מענטשהײַט. אירע פרײַע פאָרעס לאָזן זיך אײַנדרינגען מיט אײדעלע אָפּקלאַנגען, זאַמלענדיק, גײַציק, די חכמה פון די הויכע אָנוועזנהײַטן... אַזוי וועט אַ זיסער, הײליקער ווײַן פאַרבלײַבן צו דערנערן די וואָס וועלן זיך אונטערגאַרטלען עס צו טרינקען מיט זײערע הערצער...

עטנאַרוד רופט אויס:

— רעד דו, ברודער ראַסעק... דערקלער אונדז, מיט דײַן קאַלטן מאַטעמאַטישן בליק, וואָס קענען מיר איבערגעבן גאָט׳ס־לײַדנשאַפטע...

## קאַפּיטל פיר

# ראַסעק

**דאָס אומענדלעכע** פון די **נומערן...**
ס'ענדלעכע פון דער אומוויסנהייט.

**ראַסעק הייבט אָן:**



כיהאָב זיך געמוזט
פון וואָרט דערווייַטערן
כּדי נעמען
סיוואַרט



סיטיף געפילטע...!
איז אַזוי זינפיל...!



אין צײַט־טאָל
גיי איך און קום,
כ׳קום און גיי.
אויפן צײַט שפּיץ...
זע איך גיין און קומען,
קומען און גיין...



**די שטילקײַט**
איז ס׳רואיקע שטורעם־אויג
וווּ ס׳פּראָצט די מוזיק.



אָט די שטילקײַט,
ווען דו רירסט איר ניט אָן...
מאַכט זי אַזאַ רעש!



אַלעס איז אין מיר נוצלעך
ווען איך באַפרײַ זיך
פון דעם וואָס איז נוצלעך.



ווי פענאָמענאַל איז
די וויסנשאַפט;
ווײַל זײַענדיק אַ פענאָמען
זוכט זי דעם אמת
אין די פענאָמענען!



ווי קען זײַן
אַז אָט די רואיקײַט
זאָל אַזוי באַוועגלעך זײַן?



אײַנגעשלאָסן אינעם רוים־צײַט
איז אַ ספּערע נאָר אַ האַלבע ספּערע...
איך באַגרײַף איר אײביקײַט
װען איך באַפֿרײַ זיך אַפֿילו
פֿון איר באַגריף.



װער איז פֿולקאָם
אינעם שפּיל...
איז שױן אױסערן שפּיל.



מיט יעדן אָטעם,
שטאַרבט עפּעס פֿון מײַן טױט,
און עפּעס פֿון מײַן לעבן װערט געבױרן...



**די צײַט,**
**שײַך צײַט**
**שטײַגט איבער דער צײַט.**



נאָך חדשים פון געפּערלעכע
טראַכטענישן
האָט אַ וויסנשאַפטמאַן
זיך צעשטרײַט
מיט אַ פײַערלעכן געלעכטער,
און אויסגערופן:
„ס׳געפּערלעכע איז ניט ס׳געפּערלעכע,
נאָר אַז ס׳געפּערלעכע...
זאָל זײַן געפּערלעך!״.



אַלעס פּאַנגט זיך אָן אינעם דורכפּאַל...



מען האָט מיר אָפּטמאָל געזאָגט:
,,אַך ס'אַראַ גוטער זכרון דו האָסט!''
און איך געדענק ניט ווען
איך האָב געענטפערט:
,,דערגרייכט האָב איך וויפל
מיט מײַן געדענקבאַרן זכרון,
נאָר ער האָט מיר קיינמאָל געדינט
צו פאַרוואַנדלען **ס'געדענק־ווירדיקע**
אין **אומגעדענקט־ווירדיקע**...!''



מײַן אויבערפלעכלעכקײַט
האָט מיר געעקלט
אַזש ביז חכמה.



ווען איך פאַרלייקן זיך,
פאַרלייקן איך זיך;
ווען איך באַפעסטיק זיך
לייקן איך זיך אויך.



אין די **רעלאַטיווע הנחות**
קען מען נישט אַנטדעקן
**די אַבסאָלוטע הנחות...**



אַך!
יענע געוויַע רעזולטאַטן
אַ פועל־יוצא בייַם אָנווענדן
אומגעוויע הנכעס...!



אַף דורכצופאַלן
דאַרף מען פריער **זיך אונטערנעמען.**



איך פאַרשלעפ מײַן **איצט**
אין דער צײַט־בלאָטע
װען איך לאָז איבער
דאָס װאָס איך בין
אױפן קראָם־טיש
פון מײַן **אײביקײַט**...



געװאַלד אָנצװױענדן
הײסט איבערלאָזן די זאַכן
אױף דער העלפט.



אַ פּינטל אויפן פּאַפּיר
אַ שטערן אין הימל...
זײַנען זיי אפשר
אָנווײַז־פּונקטן
אויף אונטערצושטרײַכן
ס'אומענדלעכע!



איינער גייט פון איין שטערן צום צווייטן,
און ווערט פאַרלוירן אין דער
אומענדלעכקײַט!



די צײַט ס'פּאַרנעמט
לייענען אַ **פּאָעזיע**
לייזט זיך אַליין אויס
אין דער **צײַטלאָזיקײַט**
פון איר **שליכות.**



ס'פּאַרגעסן וואָס איך בין
קערט מיר אום צום בילד פון דעם וואָס
איך בין ניט
און וואָס וואַרט אויף מיר
געדולדיק,
הינטער די שפּיגלען...



מײַן אומבויגזאַמע
שטײַפקײַט
איז אַזוי קרישלדיק
קעגנאיבער מײַן פלאַסטישער
בויגזאַמקײַט...!



מיר זײַנען אַן אייביקער אַטאָם,
באַדעקט מיט סעזאָן־קליידער.



דער געליבטער האָט געזאָגט זײַן געליבטער:
,,דײַנע געהיימענישן
זײַנען ניט דײַנע געהיימענישן,
ווען איך דערלויב זיך **ס׳געהיימענישפולע...**
דאַן
איז ניט דײַן אָדער מײַן געהיימעניש:
נאָר איין אַנטפּלעקטער אמת."



דער פֿײַער איז די **געהיימעניש**...
ער איז **דער ווילן**.



**דער מאַגיקער ראַסעק** בלײַבט שטיל. זײַנע אויגן, באַדעקט נאָך מיט קאַלטע ליכט, בלײַבן אין דער געהיימעניש פֿאַרוואונדערט, בשעס **עטנאַרוד**, מיט אַן אימפּעראַטיוון טאָן, ווענדט זיך צו **אַנאַסוס** און רופֿט אויס: וואָס קענסטו זינגען פֿאַר די ליבע אויסגעהונגערטע?

## קאַפּיטל פינף

# אַנאַסוס

### אַ שטערן אין דער צײַט־
### אויסגעבויגנקײַט

**די מאַגיקערן אַנאַסוס** הייבט אַזוי אָן:

**דעם דיכטערס** האַרץ
לייזט זיך אויס מיט זײַן שווײַגן
דאָס וואָס דער מענטש
דערנידעריקט מיט זײַנע ווערטער.



דער גלײַכגעוויכטפּונקט
צווישן ערשײַנונג און ווירקלעכקײַט
ליגט...
אויפן ראַנד פון שפּיגל...



דורך רו און באַוועגונג
פון גאָר גרויסן געפיל,
באַווייַזט פּאָעזיע
איר אָנוועזנהייַט
מיט איר גאָר גרויסן שאַפֿן...



דעם פּאַרפום
וואָס מען קען נישט פאַנגען
איז עטעריש
אָבער דאָך
רעאַל.



אויב די אומענדלעכקייַט נעמט מיך
אַרום
איז ווייַל כ׳דערקען איר נישט...



**די אילוזיע**

באַקליידט מיט שפּיצן
די רודנקייַט פון די שטערן.



נאָך זיך אָפּבריען
אין די נאָכאַנאַנדיקע ערשייַנונגען,
האָב איך דעראָבערט
מייַן אייביקייַט.



**פּאָעזיע**

פאַרוואַנדלט פּאַטאָס
אין צייַט.

**מוזיק**

פאַרוואַנדלט צייַט
אין פּאַטאָס.



יעדער אויסוווַיל
איז אַ דאָ־נאָטע וואָס לאָזט זיך
קײַקלען...
ס'איז אָבער נאָר אַ ווערטלאָזע נאָטע
אויב מען האָט ניט קײַן מוט
אויסצוחלמען די נאָטן וואָס פעלן...



שטילקײַט איז ניט קײַן שטילקײַט
אויב דו טאַפּסט איר אָן...



עפּעס פון ס'גאַנצע
איז ס'גאַנצע
ווען ס'איז עפּעס...



וואָס נאָך איז דאָ
אין דער היַינטיקער העסלעכקיַיט
אויב ניט אָנ־סוף׳דיקע באַשטעטיקונג
פון דער שטענדיקער שיינקיַיט?



**גורל**:
אַ טאָלק אין **ס׳אידעאַלע...**
און אַ טאָלק אין **ס׳פּאַטאַלע.**



נאָר דער וואָס ווייסט
וועגן די **גרויסע אָפּוועזנהיַיטן,**
דער פאַרשטייט
די **גאַנצע אָנוועזנהיַיט...**



**פּאָעזיע** אַנטשטייט
אינעם געניויעם מאָמענט
ווען די לאָגיק פון ווערטער
שטאַרבט אָפּ
כדי ווידער אויפצולעבן
אין דער **אינטויציע**
פונעם **וואָרט**...



וואָס מער מיר ליבן
אַלס מער ברייטערן מיר אויס די נשמה



דער באַגריף פון אוורה
טויט די דערוואַקסונגיס עלטער.



ענערגיע
איז אַ טײַך וואָס פליסט נוצלאָז,
ביז מיר באַזוצן אים
כּדי צו שטויסן אונדזערע טרוימען.



ווי געשיקט איז דער קאָסמאָס!
ווי גוט ער באַווײַזט זיך
בײַם זיך באַהאַלטן
הינטער די פּלאַנעטן!



די וואָלקנס...
זאָל עס זײַן די ימען
וואָס שפּילן זיך צו זײַן זיי גופע
אין אַן אַנדער קאָסמאָס־מעסטונג?



סיאַראַ געהיימעניש סיליכט!
זי האָט אַזוי פיל
זיך געדאַרפט פאַרבן
צו זײַן אַזוי ווײַס...!



ליכט־שאָטן:
אַ פאָרויסגעזעענעם אמת
וואָס שפּאַצירט פאַראָרעמט
מיט אַן אילוזיע.



אונדזער רויז איז מעכטיק
ווײַל
זי האָט נישט אירע וואָרצלען אין ד'ערד,
נאָר אָפן הימל...



איך האָב מיך אַזוי פיל געזוכט...
ביז כ'האָב ענדלעך אַנטדעקט
אַז ס'בעסטע אויפן זיך צו געפינען
איז זיך אויפהאַלטן
דאָרט וווּ איך בין.



דער וואָס געווינט שטענדיק
איז דער וואָס שטייט נענטער
פון **דעם וואָס קען אַלעס**...



אין אַ וועלט
וווּ די צוויי־דײַטיקייַט
איז אַפן טאָג־אָרדענונג,
ס'וואָלט געוויסנהייַט געדאַרפט שטיין
אויפן סדר אן אייביקייַט.



זײַט די ליכט...!
זײַנען די שאָטנס אַזוי שיין...!



דער קערפּער איז באַגרענעצט,
ס׳געפֿיל איז אַלמעכטיק...



בײַם אָפּבריען
די אילוזיע פֿון איר געשטאַלט
אין אַ פֿלאַם,
האָט אַ זומער־פֿייגעלע
זיך אָפּגעבריט ביז איר עיקרדיקייט...



זכר
איז אַ לעבנס־שעפערישער
טאַט.



נאָר פאַר די וואָס זײַנען פעאיק
צו יונג־פרויאישע ליבעס
איז די ליבע פאַר זיי
שטענדיק יונג־פרויאיש.



וואָגן צו שפּירן
אַן אויגנבליקס דימענסיע,
איז באַגרײַפן
אַן אויגנבליק אָן דימענסיע...



איך באַטראַכט אַן אָוונט:
אין בין אַ שאָטן
וואָס באַטראַכט אַן אַנדער שאָטן.
איך לײַד:
איך בין אַ שאָטן
וואָס לײַדט אַן אַנדער שאָטן.
איך טראַכט אַן אידעע:
אין בין אַ שאָטן
וואָס טראַכט אַן אַנדער שאָטן.
איך חלום אַן אָוונט,
אַ געפיל, אַן אידעע...
און אַנטדעק אַז,
הינטער אַזוי פיל שאָטן,
פאַרהוילט זיך מײַן ליכט
וואָס ס׳איז נישט מער ווי...
דער שאָטן פון אַן אַנדער ליכט!



# נאָכוואָרט

די גרויסאַרטיקע־פֿאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט באַלד...

די נאָטרע־דאַם בלישטשעט פּרעכטפֿול, רײַך.

דער גרויסער שוץ־מאַגיקער זאָגט עטנאַדן:

— ליבער ברודער, ווערסט זיך פֿאַרנעמען און פֿאַרוואַנדלען אונדזער שמועס אין שריפֿטן; אַזוי דאַרף זײַן

— אַזוי וועט זײַן, עטנאַרוד — ענטפֿערט דער מאַגיקער עטנאַד. ווי ער זאָגט דאָס אַרויס הייבט אָן עטנאַרוד זיך צו געזעגענען פֿון די אָנטיילנעמער, מיט אַ לײַכטע האַנט־באַוועגונג; אָפּטמאָל ווי אומזיכטיק... ס'זעט אויס אַז דער מאַגיקער האָט אָנגעהויבן אומקערן אין דער וועלט פֿון מאַטעריע אָן נאָמען וואָס עס געהערט איר און ער האָט שוין צוזאַמענגערופֿן כּדי זײַן אָנוועזנהייט זאָל ווערן אָנגעזונד, אין דער פֿאַרזאַמלונג.

— איך ווייס גאַנץ גוט אַז דײַן אָנוועזנהײַט לעשט זיך ניט אויס און אַז דו ביסט שטענדיק אין אַלע ערטער. ס'איז פּאַר מיר קלאָר אַז דו וועסט אונדז איבערלאָזן, אָן סאָפעק, און דערשײַנען אין אַן אַנדער פּלאַץ... — רופט אויס לאַכנדיק נאַוך.

— מסכּים, עס באַנוגנט מיר ניט זיך באַנוגענען מיט די פּאָרמעס! ענטפערט עטנאַרוד, לאַכנדיק. — נאָך פאַרן אָפּרײַזן, געדענקט, מיר וועלן זיך טרעפן פּינקטלעך, איבער הונדערט יאָר, אין זעלבן אָרט, צו ריידן וועגן ליבע... אויב עס וועט זײַן אַ מענטשהײַט צו הערן אונדזער מיטטיילונג. מיט האָבן געלאָזט געווג שפּײַז אַז ס'זאָל טאָקע געשען. ס'איר אָנטשיידונג. ביז דאַן, אויב ס'וועט זײַן אַ „דאַן", מײַנע ליבע...!

מיט אָט די ווערטער פאַרוואַנדלט זיך עטנאַרוד אין אַ גאָלד־שימערדיקן שטראַל, דערוויײַטערנדיק זיך, לויט זײַן פּראָיעקט. זײַן גאָר שטאַרקע ליכט נעמט אַרום אין ווײַסן די גרויסע קאַטעדראַל. פּאַריז שײַנט ווי אונטערן מיטאָגצײַטיקן זונען־שײַן, ווען דער מאַגיקער קרײַצט איר דורך אין זײַן שטײַגנדיקן וועג.

אַ גלאָקן־שטימע באַצויבערט די נאַסע דעכער; ווי אַ געזעגענונג וואָס באַגעגנט דעם נײַעם טאָג.

ס'איז פינקטלעך האַלבע נאַכט פון 29סטן יוני 1989.
נאָטרע דאַם ווערט ווידער שטיל און טונקל, פאַרזונקען אין
דער נעפל פון צײַט.

זי וועט דאַרפן אויסוואַרטן נאָך הונדערט יאָר ביז אַ נײַער
נס זאָל פאָרקומען...



# מען קען זייַן אַ באַלעבאָס
# פון אַ נשמה וואָס לייַדט
# אָבער קיינמאָל
# איבער אַ נשמה וואָס לאַכט.


גילדענע אויסגאַבעס
פון דער בוענאָס איירעסער
יאָגאַ־שול

# אינהאַלט

